חיים ליבערמאַן

# מִמַּעֲמַקִּים
# פון די טיפענישן

אַרויסגעגעבן פון אַ גרופּע
נויאָרק תש״ב

# א.

אָ גאָט, מיין גאָט, מיר שטייען פאַר דיר פרעמדע אין דיין וועלט, שטויב אָן אַ נאָמען, כאָטש אין דיין בוך מיט גרויסע אותיות פאַר־שריבן. פון מזרח און מערב געטריבן, פון דרום און צפון געיאָגט, און וואו מיר גייען זיי־נען מיר שוין געווען, אויף וועגן עלטער פון מצרים, איז דאָס דער וועג צו דיר?

ווען מיר זיינען אַרויס פון מצרים, גע־נאַנגען איז דאָרט אָקס און קעמל מיט פאַר־בונדענע אויגן אין אייביגן קרייז אַרום וואַסער־ראָד. און אַזוי גייט ער דאָרט נאָך זיין בלינדן וועג ביז היינט. אַזוי טוען אויך מיר, פון מצרים ביז אַהער, זיך קרייזן אייביג אַרום דיין ערד און ווייסן ניט קיין זין און קיין באַ־שייד, איז דאָס דער וועג צו דיר?

איך בין דער, ווי דער טויט, וואָס קלאַפּט אָן אין יעדער טיר, ווי דער טויט ניט אָנגע־ליינט, כאָטש איך ברענג אייביג לעבן. מ׳הייסט מיר גיין און מ׳זאָגט ניט וואוהין; מ׳שטויסט מיך אַוועק און מ׳זאָגט ניט פאַר־וואָס. און איך לויף דיך נאָך, איך און מיין גע־שריי, נאָר וואָס נעהנטער איך קום אַלץ וויטער ביסטו אַוועק, איז דאָס דער וועג צו דיר?

געבליבן איז אונזער גליק אין פרעמדן אָרט, געקומען איז אונזער אומגליק צו

פרעמדן ברעג. אויף שליאַכן אַלט ווי אברהם אָבינו שפּאַנען קאַראַוואַנען אין אונזער ביי־נער־שטויב. וואו אַן אָרט וואַלגערן זיך אונ־זערע טויטע, און איינער טויטער פון אַנדערן, איז דאָס דער וועג צו דיר?

אונזער ברונען איז אויסגערונען, דאָס קרינעלע פון האָפענונג ליגט צעבראָכן, און קיין טראָפּן ברודערשאַפט. זיי נעמען צו וואָס דו האָסט געגעבן, פון אונזערע טעג דאָס ברויט, פון אונזערע נעכט דעם שלאָף. און מיר קענען נאָר זיפצן, קלאָגן, מאַכן מיטן פינגער אויפן שטורם, איז דאָס דער וועג צו דיר?

איך קוק דעם זומער אין די אויגן און פרעג וואו איז מיין פרי, און דעם ווינטער — וואו איז מיין וואַרימער קאַמין? איז אַלץ געמאַכט געוואָרן פאַר אימיצן אַנדערש? אָ גאָט, וואָס אַן דיר איז ניט געמאַכט געוואָרן קיין זאַך וואָס איז געמאַכט געוואָרן, איז דאָס דער וועג צו דיר?

זיי פליסן אין גרויסע טייכן, מיר זיינען אין רעגן צעטראָפּט. זיי זיינען די וועלדער, מיר די בלעטער אין האַרבסט, זיי די פעל־דער, מיר דאָס בעטלברויט. צי ווייסטו ניט וואָס עס מיינט איבער דער וועלט צו גיין? קאַלט זיינען פרעמדע הייזער, פול מיט גריי־בער פרעמדע וועגן, און ביי יעדער טיר הינט מיט הענגענדיגע ליפּן, מיט בייזן און בייסיגן ביל, איז דאָס דער וועג צו דיר?

דער וועג איז לענגער ווי מיר האָבן גע־דאַכט, שווערער פֿיל ווי מיר האָבן גע׳־חלום׳ט. און מיר גייען מיט אויגן בלינד פֿון שניי־רעגן און טרערן, אָן מײַלשטיין, אָן צייכן, אָן וועזער, בלויז מיין שאָטן ביי דער זייט, מיין שאָטן מיין שותּף, מיין איינציגער און שוואַרצער פֿריינט, איז דאָס דער וועג צו דיר?

מיר קענען אַלע שטעגן פֿאָרויס און צו־ריק, די ימ׳ען פֿון לייד אין דער לענג שוין אויסגעפּאָרן. צעפֿלויגן זיינען אונזערע קינ־דער ווי צעשראָקענע פֿויגל פֿון איין בוים. האָסט אונז אַרויסגעלאָזט מיט אַזאַ דינעם פֿליגל געגען אַזאַ מעכטיגן שטורם! אָ, ווען אונזערע האָר פֿון קאָפּ זאָלן קענען ריידן און יעדער האָר דערציילן פֿון וואָס זי איז גרוי געוואָרן! איז דאָס דער וועג צו דיר?

אין דער וועלט׳ס גרויסער פֿינסטערניש, מיט׳ן פּחד פֿון מעסערס אַרום, שטייען מיר אַזוי טיף אַליין. די שוועל רוקט זיך אָפּ פֿאַר אונזער פֿוס, די קליאַמקע אַנטלויפֿט פֿון אונ־זער האַנט. פֿאַרשטויסן האָט אונז די ערד, פֿאַרגעסן האָט אונז דער הימל, די זון ענט־פֿערט ניט אויף אונזער גוטמאָרגן, בלויז דער טויט שטרעקט אונז אויס אַ האַנט, איז דאָס דער וועג צו דיר?

פֿון אַלע שענסטע ווערטער ביסטו, גאָט. פֿון אַלע טרויעריגסטע ווערטער בין איך, איד. מיינע ליידן ווער קען דען אי־

בערציילן, מיינע ווינד און ווייען צונויפרע־
כענען ווער? וויפיל בלעטלאך האָט דער זו־
מער, וויפיל שנייעלאך דער ווינטער? און
אַלץ אין מיר טוט שרייען ביז צום הימל:
גאָט, ביסט אונזער ביז׳ן ביין! אין דער
פינסטער רוף אונז אָן ביים נאָמען, אין שטורם
לאָז ניט אונזער האַנט אַרוים! און געבליבן
נישט געענטפערט, איז דאָס דער וועג צו דיר?

מיר זינגען צו דיר און וויינען אויף זיך.
אַלע כחות שוין אויסגעזונגען, אַלע געוויי־
נען שוין אויסגעוויינט. אַלע שענסטע ווער־
טער וואָס מיר פאַרמאָגן איינגעשפּאַנט אין
דינסט צו דיר. געבליבן איז אונז נאָר טרייסט־
לאָז לשון, פון ווערטער פינף—צוויי פאַר וויי,
דריי פאַר לייד, און ניט קיין איינס פאַר פרייד.

אָ גאָט, האָבן מיר דיך אָנגעוואָרן? האָס־
טו אונז אין וועג פאַרלאָרן? אונזער האַרץ
איז אויסגערונען, ניטאָ מיט וואָס צו ווייטיקן
מער, ניטאָ מער וואָס זאָל שטאַרבן! וועט
דיין אייביג אויג אויף אונז זיך פאַרמאַכן?
האָט דיין אייביג אויג אויף אונז זיך צוגע־
מאַכט? מיר טרינקען זיך און אויך די שטרוי,
איז דאָס דער וועג צו דיר?

גאָט האָט אונז געלאָזט ווערן אַזוי קליין,
אונזער אומגליק אַזוי גרוים. זאַמד איז אונזער
ברויט, ווינט איז אונזער טרונק, שטיין און
דאָרן אונזער בעט און דעק. עס יאָגט אונז
פיינט נאָך פיינט און דערגרייכט אונז גרינג
ווי דער יעגער דעם שוואַרצן פויגל אויפ׳ן

שניי. זיי שעכטן אונז מיט׳ן שאַרף פון שווערד, און אויך איר טעמפּ, איז דאָס דער וועג צו דיר?

זע, זיי שטייען אַרום מיר, אַרום און אַרום, מיט נאַקעטע ציין, מיט באָרוועסע הערצער, הייזעריגע מיליאָנען. און דאָס בייז ליגט גרייט אין זיי ווי פייער אין דער שוועבל. פּחד פון רעכטס, פּחד פון לינקס, פאָרנט און הינטן פּחד, פּחד, פּחד אומעדום! ווער האָט גאָר געדאַכט אַז ס׳איז דאָ אַזוי פיל פּחד אין דער וועלט? און זיי נעמען מיך אַריין אין אָרימס פון פייער און צעדריקן מיך מיט פינגער פון אַייזן און מיינע גלידער צע־שמעלצן אין זייער הייסן האָס.

אין דער שוואַרצער צייט, פון טויזנט ווינקלען, לויערן פּאָספּאָרישע אויגן אויף מיר. טויט איז דער איינציגער צוזאָג אין יענעם בליק. און עס באַפאַלן מיך קראַלן, צען מאָל צען טויזנט אין צאָל אויף אַמאָל, און רייסן מיך, דער צו זיך און דער צו זיך. און איך פאַרגיי ווי עס פאַרגייט דער פויגל אין די נעגל פון פאַרצוקער, דער פויגל און זיין עכאָ אויך, איז דאָס דער וועג צו דיר?

זינט דו האָסט מיך פאַרגעסן, פאַרגעסן האָב איך ווער איך בין. איך בין אין מיין גוף ווי אַ צווייגל איינגעוויקלט אין ווינטער־אייז, און וואו אַ שטורם אין דער וועלט ברעכט ער מיך אַהער און ברעכט

מיך אַהין. און דער פרילינג וויל מיך ניט דערפרישן, און דער זומער וויל זיך ניט דער־באַרימען מיך צו דערוואַרימען.

מיר גייען צווישן די שטיינער און קלייבן אונזערע ביינער. אויף גלידער זיינען מיר צעשאָטן געוואָרן, און גליד פון גליד צע־שיידט איז מיט אַ האַלבער וועלט. געווען שוין פינסטערע יאָר אַ סך אין אונזערע יאָר־הונדערטן, נאָר ניט געווען נאָך קיינמאָל איז די זון אַזוי ווייט פון דער ערד.

דו האָסט אונז די אייביגקייט געשענקט, נאָר אונזער אייביגקייט איז פון גאָלע נעכט. יעדער שעה אַ נייער יאוש, יעדן טאָג א נייער אונטערגאַנג. אוי, ביטער איז דאָס לעבן האַלב אין קבר, האַלב אין דער ערד! צע־ריסן איז אונזער גוף, די שטיקער צעוואָרפן אויף ביידע זייטן פון אַלע אָקעאַנען, איז דאָס דער וועג צו דיר?

פרעג מיינע ביינער און זיי וועלן דיר זאָגן, מיין ליבּ און עס וועט דיר דערציילן. מיינע ביינער ווייסן אַלע ווייטיקן, מיין ליב קען אַלע וואונדן, ווייטיקן ווי מיילן לאַנג, וואונדן ווי גרויסע און אומריינע לוזשעס. אויף דער זון באַקט זיך אונזער בלוט, און פראָסט פרירן אונזערע טרערן.

פאַר אַלעמען גייט אויף די זון, פאַר אונז פאַרגייט זי נאָר. אונזערע נעכט דערשלאָגן זיי, אונזערע טעג באַגראָבן זיי לעבעדיגער־

הימ. מיט שטאָלענע בייטשן דרעשן זיי אונזער לייב, מיט צאָן־רעדער אַקערן זיי אונזער געזיכט. ביז אַלע זייערע הענט און אַלע זייערע ווענט באַשפּריצט געוואָרן זיינען מיט אונזער בלוט, איז דאָס דער וועג צו דיר?

מיר שטייען אַליין ביי דיין טויער און היטן דיין גלאָרינגן רייך די היינטיגע נאַכט, אַזאַ נאַכט! און זיי זאָגן דו ביסט אין זייער הימל. אויף דיין כסא הכבוד האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ תליה, דיין נאָמען פאַרציען זיי די שטריק אויף אונזער האַלז. זע, אָ זע זייער אויסגעקרימט האַרץ: זיי עסן דיין גלאָריע אין אונזער לייב, זיי לעקן דעם הימל אין אונזער בלוט! אָ, פאָטער, זיי זיי ניט מוחל, וואָרים זיי ווייסן וואָס זיי טוען.

פעלקער זעצן זיך צו אונזער טויט ווי צו אַ זיסער סעודה. מיט תפילה זעצן זיי זיך: העלף אונז, באַרמהערציגער גאָט, דיין פאָלק צום טויט צו שלאָגן. מיט פרומקייט עסן זיי אונז און מיט הייליקן טעם. הער, אָ הער דעם שטורם פון זייערע ציין אין אונזער געביין! און זיי עסן אונזער לייב און ווערן ניט זאַט, און זיי טרינקען און טרינקען אונזער בלוט און ס׳איז זיי אַליץ געזאַלצן אין מויל.

אויף די קני קריכן זיי צו זייערע אַלטאַרן, און, אָפּגעקושט די ערד, שפּרינגען זיי אויף ווי טיגערן אויף אונזער האַלז. הויך און העכער הויבן זיי די הייליגע ליכט, און אויפ׳ן וועג צום הימל ליינן זיי זיי צו צו אונזער

שטרויענעם דאַך. מיט הימנען פאַרזינגען זיי אונזערע געשרייען. און נאָכ׳ן טויטן אונז נע־מען זיי אונזער קלייד אַ לוין פאַר אונזער טויט.

קיין זון קען ניט צעשמעלצן דאָס אייז פון זייער רשעות. דו שטראָפסט פאַר זינד, זיי שטראָפן פאַר טוגנט. און ווי די ערד איז אָנגעשטעקט מיט גראָז, אָנגעשטעקט איז מיין הויט מיט זייערע פיילן! און איך רוף: אָ גאָט, די שעה פאַרווייט, הער מיך ווען איך אָטעם נאָך! נאָר איך שריי און דו נייסט מיין טיר פאַרביי, איז דאָס דער וועג צו דיר?

אונזער שיינער לויב צעטראָטן ליגט אין שטויב. עם פלאַטערט אונזער לעבן ווי צי־טערגראָז אין ווינט. ווייַ, אין אונזער אָרימען געצעלט באַזעצט האָט זיך די מורא און אַלע אירע חבר׳טעם, דער טויט און אַלע זיינע העלפער! פון אַלע ווינקלען שפרינגען שאָטנס, פון אַלע שאָטנס שוואַרצע באָט־שאַפטן, איז דאָס דער וועג צו דיר?

אינמיטן נאַכט, אינמיטן קעלט, אינמיטן פעלד האָט מען אונז פאַרוואָרפן. יונג און אַלט, קימפעטאָרן און זויגלינג פאַרוואָרפן. פון שנייגרוב צו שנייגרוב זיינען מיר גע־לאָפן און געפאַלן. דער פראָסט האָט גע־רעדט מיט גליענדיגע שפיזלען. און ווינטער־גלאָז איז געוואָרן אונזער הויז, ווינטערגלאָז אונזער קלייד, ווינטערגלאָז אונזער ברויט. איבערנאַכט זיינען פאַרוועלקט געוואָרן יאָרן.

אויף געשפּענסטער־שיפן האָט מען אונז גענוצט און אויף שבעה ימים אונז צעשיקט, טרויער־שיפן אָן ברעג און אָן ציל, אָן קאָמ־פּאַס און אָן שטערן. ניט קיין זעגלען האָבן זיי געפירט, ניט קיין פּאַרע האָט זיי געטריבן, אונזערע זיפצן האָבן זיי געשטויסן און אויס־געהויכטע אָטעמס זיי געטראָגן. מיר האָבן געשטרעקט אונזערע הענט אין תפילה, פון ברעג צו ברעג געלעכצט מיט אויגן פון גע־בעט: אַ שטריק, אַן אַנקער, אַ האַפן! מיר האָבן געשריען מיט אַלע לונגען, מיט בלוט אין מויל גערופן אין אַלע פיר זייטן, גע־הערט האָבן אונז נאָר די פרומע שטילקייטן פון דער נאַכט.

און מיינע ברידער, די ריינסטע און די כשר׳סטע, וואָס זייער נשמה איז נשמה און זייער גוף איז אויך נשמה, געקלאַפּט האָבן זיי מיט די פויסטן אין די טירן פון דער ערד: עפן זיך, קבר, קום אָ לייטזעליגער טויט, און נעם אונז אַריין אין דיין קילער, אין דיין שטילער רו! געהערט האָבן די ניט־געבאָרענע און זיינען גע־שטאָרבן אין זייער קיום, געהערט האָבן די מתים און מוחל געווען דעם תחית־המתים.

פאָטער אין הימל, וואו האָסטו גענו־מען אַזאַ שרעקלאכן פיינט אויף אונז? אין די פאַלטן פון אונזער שטערן לייען זיינע גרויסע גוואַלטן! פון זיינע געפילן שפּרינ־גען וועלף, ווילדע שרצים קריכן אַרום אונ־

טער זיין מאַרך. און ס'א מיאוס'ער פיינט, מיט וואָסער שטאָלץ ער זיצט אין רינשטאָק! אָ גיב מיר דעם קאָפּ פון אַ קראָקאָדיל און איך וועל עם צערטלען, דעם פּיסק פון אַ שלאַנג און איך וועל עם קושן, און גיב מיר ניט זיין פּנים אַריינצושפּייען! און אין אַזאַ האַנט זיינען מיר אויסגעליפערט געוואָרן. מיט אָנ־געגליטע צווייגלאך האָט ער אונז געריסן צעל נאָך צעל, געשניטן אונז אין פּאַסן און מיט צונג געלעקט יעדן שניט אין האַרץ, איז דאָס דער וועג צו דיר?

עס האָט מיין טאַטע געהאַט נאָר איין געבעט: גיב מיר, גאָט, שטענדיג עפּעס צו טאָן און איך וועל עס טאָן מיט גאָט אין הארצן. שטיינדעלע צו שטיינדעלע האָבן מיר געקליבן, שטויבעלע מיט שטויבעלע פרום צוזאַמענגעלייגט. צעטראָטן האָט עס דער פיינט מיט גראָבן פוס, צעפונקט אין פייערן אין די ברייטע רוימען.

איך געדענק דאָס געזאַנג פון אידישע קוזניעס, דעם סמאָליגן ריח פון אידישע סטרוזשקעס, דעם שימער און פינקל פון אי־דישע נאָדלען, און אידישן וואַנדל געדענק איך, אומרוהיג און פרוכטבאַר ווי טייכן. וואו איז אַהין די פּראַצע פון דורות, די פרוכט פון אַן ערד מיט דער נאָז געאַקערט? אויף שווערדן פאַר גאָפּלען האָט עס דער שונא פארשטאָכן און אין תאוה'גן, גזלנישן שלונג! ביז געוואָרן איז דאָס דייטשישע הויז א פוקסן־

הייל, פול מיט די פעדערן אוןביינער פון אונזער פאַרציקונג.

פון אונזער גאַנצן זייען נישט אַ זאַנג צו שניידן, פון אונזער גאַנצן בויען בלויז גרויען אַש צו קלייבן. פאַרצוקט איז אונזער לאַם, לייב, וואָל, און קלוי. אָ, לערן מיך די תפילה פון דעם פויגל פאַר׳ן שפּאַרבער, פון דער פליג אין שפּין־געוועב! מיין געבעט איז אויסגעוועפּט, אונזער טרער בריט ניט מער.

און ווידער איז אונזער הויז צעוואָרפן, און געוואָרן איז אונזער וואוינונג גרוים, אונזער וואוינונג, וויי, פון גאָלן רוים! תהום דער פונדאַמענט, פון רויען ווינט די ברייטע ווענט, און ניטאָ גאָר אַזאַ סכך פאַר אונזער הימלדיג־צעפּראַלטן דאַך. און דער רעגן טראָפּ, טראָפּ, טראָפּ, אָן אַן אויפהער אויף אונזער קאָפּ.

אָ גאָט, שענק מיין צונג דאָס שוואַרצע וואָרט, לייג מיר אויף די ליפּן דעם שפּרוך מיט פינסטערן באַדייט, פאַר קלאָג און קללה! פליק אויס זייער האַריץ ווי אונזערס איז אויס־געפּליקט געוואָרן, פאַרברעך זייערע הענט ווי אונזערע זיינען געוואָרן פאַרבראָכן! וואָרום זיי האָבן די רשעות ביז צום הימל אויפגע־הויבן און אונזער קאָפּ צו דער ערד געלייגט!

און אפשר איז דאָס ניט דער וועג צו דיר, אָ פאָטער פון רחמנות, טאָ צעברעך אויף אַ רגע דיין זיגל אויף מיין פּנים, נעם אַראָפּ היינ־טיגן טאָג דיין נאָמען פון מיין מויל, איך וויל רשות צו זאָגן: פאַרן בלוט פון אונזערע זיינ־

ליגן, זוינג זאָלן זייערע נאָר בלוט פון מאַמעס בריסט! פאַר אונזער ברויט, עסן זאָלן זיי מיט ציין ווי זאַמד ברויט ווי קיזלשטיין! פאַר אונזער קלייד, לעבן זאָלן זיי לעבן אין פרעמדע תכריכים! פאַר אונזער שלאָף, שלאָפן זאָלן זיי אַ טאָג איבער א וואָך און אויפשטיין מידער ווי זיי האָבן זיך געלייגט! און פאַר צעברעכן מיין פאָלק, אָ דייטשלאַנד, ליגן זאָלסטו, ליגן וועסטו זוי אַ צעבראָכענער ראָד וואָס ליגט און פוילט ביים שליאַך!

און ווען דער סוף פון דיין בייז וועט קומען, דעמאָלט, אָ דעמאָלט, א דעמאָלט! מיר וועלן די פויגל אויפוועקן אינמיטן נאַכט צו זינגען מיט אונז שירה...

זינדיג פאָלק! אַ צונויפגעקנוילטע שלאַנג איז דיין האַרץ, אַ תליון־שטריק דיין נשמה, ווי אַזוי וועסטו אַמאָל נאָך ווייזן דיין געזיכט אין פענסטער פון דער וועלט? מיט וואָס פאַרא פנים וועסטו שטיין פנים אל פנים מיט דיין אייגענעם פנים? ווי די פעדערן וואַרימען ניט דעם טויטן פויגל אַזוי וועט דיך ניט וואַרימען אונזער רויב, לאַנד פון מענטשנשינדער, שינדער פון מענטשנקינ־דער! פאַר דיין האַס, פאַר דיינע תליות, פאַר די קברים וואָס דו האָסט אונז געגראָבן — האָסן וועסטו זיך אַליין ווי דער קאַליקע האָסט זיין מום! אויף דיינע בוימער וועלן וואַקסן געהאַנגענע מער ווי פירות און פון דיין ערד וועלן שפּראָצן קברים ווי שוואָ־

מען נאָך אַ רעגן! ליכטיגער פון טאָג האָס־
טו געמאַכט די נאַכט מיט אונזערע שרפות,
דערפאַר פאַרשאָלטן זאָל ווערן דיין נשמה
אויף אלע אייביגקייטן, אויף אַלע אייביגקייטן
אַרומצושווען, אַרומצושוועבן אין די רוימען,
אין די רוימען אַרומצוזוכן, אַרומצוזוכן און
צונויפצושאַרן, צונויפצושאַרן די רויכן, די
רויכן און די פונקען פון אונזערע הייזער, פון
אונזערע שולן, פון אונזערע ספרים, די רויכן
און די פונקען און די אַשן פון אונזערע שרפות!

און אויב איך זינדיג מיט מיינע רייד,
האַר פון די וועלטן, שלאָג מיט פלאָג מיין
צונג! און אויב איך בין גערעכט בענטש
מיינע קללות! וואָרים ניט מיט רייד איז
אויסצוריידן, מיט שופרות איז אויסצושאַלן
אונזער בראָך...

## ב.

עס זאָגט אַ וואָרוואָרט פון אַלטע צייטן,
דעם צדיק איז שלעכט, דעם רשע איז גוט.
און ווער ווייס נאָך, גאָט, דעם אמת ווי דו,
רעכן עס אונז ניט פאַר קיין גנאַי: צי זיי־
נען מיר דען אַזעלכע צדיקים פאַר אַזוי פיל
שלעכטס? איך זוך גערעכטיגקייט אין דיין
סדר, פאַר זיך און אויך פאַר זיי: לויט זייער
רשעות דאַרף זיי אויך נאָך פיל, פיל בעסער
זיין. אָ גאָט, אָמן איז דיין נאָמען, זאָג, וואו
איז דער וועג צו דיר?

איך ברענג ניט קיין שווערד צו שלאָ־
גען, איך ברענג ניט קיין קייטן צו
בינדן, איך האָב געבראַכט נאָר גאָט'ס
לויטער וואָרט. און געוואָרן איז מיין גוף
אַ שייד פאַר זייער שווערד, צעפאַלן איז שוין
מיין לייב אין זייערע אייזערנע קייטן. און
גאָט'ס וואָרט אין זייערע הערצער איז נאָר אַ
קול וואָס וואוינט אין ליידיגע היילן.

ליידיג איז זייער האַרץ ווי אַן אַלטער
קבר ליידיג דאָך פול מיט טויט. מיין הויט
שטרעקן זיי אוים אויף זייערע פויקן, מיינע
אָדערן פאַרציען זיי פאַר סטרונעס אויף זיי־
ערע פידלען, און זיי שאַלן זייערע זינגן און זיי
שפּילן זייערע פריידן אוים אויף מיר. אונטער
זייערע שמחות וויינט מיין צער! נאָר עס
רירט זיי ניט מיין געוויין ווי דער שאָטן פון אַ
בלאַט אויף אַ שטיין דעם שטיין.

ווי דער ווינט אין קוימען וואָיעט דער
וויי אין מיר. ווי אַ טיר אויף אָפּגעבראָכענע
זאַווימעס הענגט מיין גוף אויף מיר. מ'וויים
קיינמאָל ניט די נאַכט ביז מ'איז אָן אַ דאַך,
דעם ווינטער ביז מ'איז אָן אַ קינעלע אין
פעלד. און איך האָב שוין אַלץ געזען, צו
אַלץ זיך געוואוינט און אויף אַלץ און ער־
גערס גרייט, איז דאָס דער וועג צו דיר?

איך שטיי און קוק ווי די אומגליקן, ווי טי־
גערס, נעמען זיך צענויף. מיט האַלבן אָטעם
וואַרט איך אויף זייער שפּרונג, און זיי שפּרינ־
גען אויף מיט דונער־מאַכט. פון מיין שטערן

רינט דער שטויב, די אַנגסט צעשפּאַרט אין מיר די אבֿרים, און איך האָב אונטערגעהערט ווי דאָס האַרץ האָט געזאָגט: ס'איז דער סוף! איז עס דער סוף?

עס זינקט פּאַמעלעך דער פאָרהאַנג אַראָפּ, און שטיק נאָך שטיק פאַרדעקט ער אונדז די וועלט. פאַרשלאָסן אין צייט, ווי אין אַ טויטן פּנים, האָסטו אונדזער גורל. אָ, ווען איך וואָלט כאָטש געוווּסט אַז דו זעסט מיין אויג וואָס קוקט אַזוי פאַרצויבערט אין דיינעם, און ווייס עס נישט.

בערג מיט צייט אויף אונדזער רוקן האָסטו געלייגט. די אויגן אָפּטמאָל זאָגן: צייט צו שלאָפן. עס פרעגט אַמאָל דאָס האַרץ: איז די אייביקייט נישט אַביסל שוין צו לאַנג? און דער לייקענער פליסטערט: וואַרף גאָט די וועלט אין פּנים צוריק און שטאַרב! אַלע פראַגן שוין געפרעגט, אַלע ענטפערס שוין געגעבן, און קיין פּתרון איז אַלץ נישטאָ.

די נאַכט נעכטיגט אין מיין האַרצן, דער טאָג וואוינט אַנדערשוואו. זיי האָבן זיך די גאַנצע זון גענומען און פינסטער איז אין זיי ווי אין בלינדן אויג. אָ גאָט, אין דער פינס־טער ווייז אונדז דיינע טריט! עס ווערט גע־זאָגט: דו פירסט דורך וואונדן צו וואונדער, פון פּיין צו שיין. דאָ זיינען די וואונדן און פּיינען, און וואו זיינען די וואונדער־שיינען?

אין דעם הויפן פון דיינע הענט לייג איך מיין פּנים. איך בין הונגעריק צו דיר מיט'ן

הונגערינן פיסק פון אַ יונג פייגעלע צו זיין מאַמען! איך רוף דיין נאָמען, און ווייט ווערט נאָענט און נאָענט ווערט ווייט, און איך זוך דיך דאָ און איך זוך דיך דאָרט און קען דעם זוים פון דיין קלייד ניט פאַנגען. אָ נאָט, דיין יע איז יע און דיין ניין איז ניין, זאָג, וואו איז דער וועג צו דיר?

איך זע דיך אין דיינעווירקליכקייטן, וואונדערליכערע ווי נסים. איך זע דיך ווען די בוימער גייען צו קינד, איך פאַרנעם דיך ווען די וואָרצלען ציען אוים זייערע גלידער אין ענגער פינסטערניש. איך הער דיין קול ווען די זון באַפעלט דער ערד צו בליען, איך זע דיין האַנט אויפן גרונד פון ים, וואו דו האָסט דיינע סודות איינגעפערלט! און איך זע דיך נישט אין מענטשלאַכן האַרצן.

עם ווים דער ווילדער פויגל זיינע דינים, עם ווים די ווערבע וואו די טייכן צו געפינען. דאָס קערנדל אין זאַמד וואַרט ביז דו, נאָט, וועסט אים אַרויסרופן אויבן, די בלימלאַך שפרינגען דיר אַנטקעגן און יעדערע וויל זיין ביי דיר די שענסטע. יעדער בלעטל אַן אויער פאַר נאָט, יעדער גרעזל אַ צינגל דיך צו לויבן. טויב פאַר דיר און שטום איז נאָר אין מענטשלאַכן האַרצן.

שטייט אַ הימל מיט בלויען ווייַן און די מענטשן טרינקען בלוט. וואו זיי קומען ווערט אַ שלאַכטפעלד. אַ שפרונג אויף אַ האַלז איז אַ שפרונג צום גליק, די גרעניץ פון אַ לאַנד

די ליניע וואו טויט הויבט זיך. אַ לויב צו דיר, גאָט, וואָס דו האָסט די שטערן געשטעלט אַזוי ווייט, דעם פרילינג און זומער אויך אין מענטשנס האַנט ניט אָפּגעגעבן! איך גע־פין דיין זין אין פלייסיגן ביבער, דיין טיפן מיין אין דער מיזאַמער מוראַשקע, און געפין דיך ניט אין מענטשלאַכן האַרצן. וואו, זאָג וואו איז דער וועג צו דיר?

די צייט האָט ווי אַ שלאַנג אַרומגע־וויקלט מיינע יאָרן און שפריצט אין זיי איר גיפט. אין די אויערן ברענט מיר זשאַר, אין מיינע אָדערן גייט אַ נאַסער שניי. אָ לייג דיין האַנט אויף מיין פיבערדיגן שטערן, מיט היילענדיגע פינגער שליס מיינע אויגן צו! שיק דעם שלאָף מיר אַמאָל צו חלום, איינצו־שטילן די האַמערס און די פויקן, די פראַגן און די ענטפערס אין מיין בלוט.

אָ שיק גוטהאַרציג מיר דעם שלאָף צו חלום, דעם שלאָף וואָס איז מיט אַלטע דורות טיף, און נעם מיך צו יענעם געהיימען קע־ניגרייך וואו דו שפינסט און שפינסט דיין אייביג טאָגוועדק ווייטער, אָ, נעם מיך צוריק צום אָנהויב פון די אָנהויבן און אַנטפּלעק פאַר מיר דעם סוד: איז דער מענש אַ גרייז אין דיינע מעשים? וואָס טרייבט אים צו שלעכטס ווען גוטזיין איז אַזוי גוט? און איז דאָ אַזאַ זאַליץ וואָס קען ענדערן זיין טעם? ווייז, אָ ווייז דעם וועג צו דיר!

דער שונא יובלט איך בין פאַרלענדט,

אָ, אין דיין איבּיגן פייער לאָז אָנוואַרימען די קאַלטע הענט! עס בּענקען מיינע טריט נאָך דיינע וועגן. ווי דער שאָטן קלעפּט זיך צום ליכט אַזוי קלעפּ איך אָן דיר, ווי דאָס פוינעלע פאַרנאַכט אונטער דער סטריכע טוליעט זיך מיין זעל אין דיר. און די רשעות רעש׳ט, דאָס שלעכטס שלאָכט, די וואָגשאָל פון גערעכ־טיגקייט שוין לאַנג אין אַלטן אייזן פאַרקויפט, און דער אמת — ער איז לעבעדיג באַגראָבן געוואָרן און אייזלען פּאַשען זיך אויף זיין גרי־נעם קבר. אָ גאָט, פאַרוואָס איז פינסטער אַזוי דיין שווייגן? ווייז, וואו ליגט דער וועג דיר?

מיר בלאָנדזשען און בלאָנדזשען, פון יאָרטויזנט אַרוים אין יאָרטויזנט אַריין, און זוכן אין דער פינסטער דיינע טריט. ווי אין אַ וואַלד בין איך פאַרבלאָנדזשעט, איך הער אַ קול און וויים ניט פונוואַנען, איך הער אַ רוף און וויים ניט וואוהין, און עס ליגט דער וועג דורך מדבר און דאָרן, דורך שטורם און צאָרן. נאָר איך וויים, עס גייען אַרום קלאַנגען אין מיין בלוט: ערגעץ וואַרט אַ טיר אויף מיר, ערגעץ שטייט אַ טיש געגרייט, און גאָט זיצט אויבנאָן.

און אויב דאָס איז דאָס קול פון דיר און אויב דאָס איז דער וועג צו דיר, גאָט פון מיינע פיינען, אָ וואָס איז דאָרן, וואָס איז צאָרן! געלויבט זאָל זיין דיין נאָמען פאַרן פירכ־טערליכן און געבענטשטן גורל!

מיר שטייען אין וועג פון יעדן בליץ. די גאַנצע לאַסט פון גאַנצן לייד פון גאַנצער וועלט אויף אונזער פּלייצע האָסטו געלייגט. נאָר אויב דאָס איז דער וועג צו דיר, אָ גאָט פון אברהם פון יצחק און פון יעקב, טאָ לאָ־מיר ווידער בורת ברית זיין! איך בין דיין און דו ביסט מיין! אין דער פינסטערניש ביסטו מיין שיין, אין מיין אָפּגרונט ביסטו דער גרונט! אָ, שייך מיין קליין לעבן איך זאָל האָבן וואָס פאַר דיין כבוד אָפּצוגעבן.

איך צייל די יאָרהונדערטן אין רויטע פּאַסן אַרום מיין גוף. ווער ס'איז האַמער, ווער קאָוואַדלע, מיר זייענען אייביג דאָס געשלאָגענע אינצווישן. ווי רעגן דורך געלעכערטן דאַך רינט אונזער בלוט דורך פעלקער־שיקזאַל. מיר לעבן אין פרעמדער פינסטערניש. נאָר אויב דאָס איז דער וועג צו דיר, גאָט פון ישראל, זאָל זיין אַזוי און נאָך מער אַזוי! ווי די פייערפליג מיט איר קווישעלע ליכט אייביק אויף איר רוקן, אַזוי מיר מיט דיין ליכטיג וואָרט אויף אונז! ווער וועט אַיינשטילן גאָט'ס פייער, ווער וועט אויסלעשן גאָט'ס ליכט? טאָ זאָלן הילכן די קאָוואַדלעס, זאָלן האַמערן די האַמערס, מיר וועלן ניט מיד ווערן צו זיין! און זיינען מיר געוועזן אַייזן וועלן מיר ווערן שטאָל, און זיינען מיר געוועזן שטאָל וועלן מיר ווערן דימענט וואָס שניידט זיי ביידע!

צעשאָטן איז מיין פאָלק געוואָרן אין נייע

פאַרלאָרענע צען שבטים. אויף אַלע שליאַכן זיצט אונזער עלנט און וויינט. אויף די פיס קייטן, אויפן האַנט אַ גועלע לאַטע, אויפן נאַקן זיצט דער טויט. אוי, ווידער זיינען מיר אין מדבר אָנגעקומען ווי משה האָט אונז געבראַכט, נאָר ווי, אָן משה׳ן און אָן מן! נאָר אויב דאָס איז דער וועג צו דיר, גאָט פון צבאות, מיט אָפּגעשניטענע פיס וועלן מיר גיין צו דיינע שוועלן, אָפּגעהאַקטע הענט וועלן מיר הויבן דיך צו לויבן! הער, אונזערע אויסגעריסענע צינגער רופן דיין נאָמען! און וועט אַ לעצטער איד נאָר בלייבן, וועט ער אַליין זיך אויפרופן צו דער תורה! וואָרים איך טראָג אַ שטאָלצן נאָמען: מיין נאָמען איז ישראל, און מיין שטאַם זיינע יענע ישראלס, וועלכע שטאַרבן ווען זיי גלויבן...

זיי האַסן אונז אומזיסטע שנאה, מיר ליבן זיי אומזיסטע ליבע. ווער האָט זי נאָך אַזוי ליב געהאַט ווי מיר, אָ ליבלאָזע מענשהייט! מיר האָבן געקענט זיין אַ חבר אפילו צום וואָלף, און מיר זיינען אַליין ווי אַ שטיין, און ציען אוים אַ האַנט אַהער און אַ האַנט אַהין און קיינער דערלאַנגט ניט קיין שלום. געטריי איז אונז נאָר דער עלנט, דער צער געוואָרן איז אונזער העמד, דער טרויער אונזער קלייד, צו וואַשן מיט געזאַלצענע טרערן. און אויסגעוויקט איז שוין מיין אויג, אויסגעטריקנט איז שוין מיין טרער, וויין, רעגן, דו אויף אונז! וויין אויף אונזער בראָד און באַפּרוכפּער זייערע פעלדער . . . נאָר אויב

דאָס איז דער וועג צו דיר, גאָט פון אַלע וועלטן, טאָ סווישטשעט בייטשן, פּאָבעט שווערדן, דונערט דונערן אויף אונזער קאָפּ! ווען זיי צעוואונדן אונזער גוף און האַרץ פאַר־שטשימען מיר דעם וויי: אַז גאָט בענטשט אונזערע וואונדן פאַרהיילן זיי זיך און פאַר־שווינדן ווי אַ שניט אין וואַסער!

עס שטורעמען די פעלקער, שטורם אײַן שטורם אוים. וואָס שטורעמען די פעלקער? די ערד איז זיי צו קליין! און מיר האָבן געשאַפן אַ קעניגרייך פון איין זילבע, גאָט, קענען אַלע אין אים אַריין! נאָר פאַר זיי די גאָרע וועלט, פאַר אונז ניט קיין כזית לאַנד, קיין פעניץ ערד. און קיינעמס לאַנד און קיי־נעמס וואַסער איז געוואָרן אונזער אַרב. נאָר אויב דאָס איז דער וועג צו דיר, גאָט פון מיינע אָבות, וועלן מיר זייען און זייען כאָטש אַנ־דערע שניידן, וועלן מיר גיסן און גיסן כאָטש אַנדערע געניסן! און ווען זיי צעשטערן אונ־זער הויז שרעקט מיך ניט דאָס בייז: ווען די שטיקער פון אונזער הויז צעפאַלן, פאַלן זיי אין גאָט.

איז ווי דער פויגל אויך אויף חורבות ווײַם פון גאָרנישט נאָר פון זינגען, אַזוי טו איך רופן פון די תהום'ען, פון די תהום'ען צו די רוימען: כאָטש זיי האָבן מיך אַרומ־נערינגלט מיט זיבן טויטן ווי די בערן, הויב איך אויף מיין גוף אַ בעכער צו גאָט, טרינק נאָט אויף מיר לחיים! לחיים טובים ולשלום!

און איבערן כום שענק מיר איינס און מער וועל איך קיינמאָל גאָרנישט בעטן: היט אויף, אָ גאָט, די זון פאַר דער וועלט און מיין פאָלק פאַר די פעלקער!

מיין פאָלק! איך האָב געזען שוין ניט איין ביינאַכט ווען שוואַרץ ווערט שוואַרצער, און שוואַרצער ווערט בלוי, און בלוי ווערט גרוי, און גרוי ווערט רויט און ראָז און זאַפראַן מיט זון פון אויפגייענדיגן טאָג.

הער אין מזרח, הער אין מערב, הער אין דרום, הער אין צפון. עס זאָגט דער מזרח: יעדער טאָג ליגט צווישן צוויי פינסטערנישן. עס זאָגט דער מערב: יעדע נאַכט ליגט צווישן ליכט און ליכט. עס זאָגט דער דרום: ביטער אָפּט איז די בליט פון זיסער פרוכט. און עס זאָגט דער צפון: ווען עס וואָיען נאָך די ווינטער־ווינטן אין די צווייגן אויבן, וועקט זיך אונטן אין די וואָרצלען שוין די קראַפט פון נייעם לעבן!

אָ גאָט, מיין גאָט! שוואַרץ איז די נאַכט נאָכן בליאַסק פון בליץ, שוואַרצער ליגט פאַר מיר דער וועג. און וואו איך גיי וועק איך אויף אַ שונא. נאָר איך גיי. איך גיי צו דער מאַכט וואָס אויף יענער זייט שווערד, צום גלאַנץ וואָס פלאַמט אַהינטער שפּיז און לאַנץ! איך גיי, כאָטש קאַיאָר איז נאָך ווייט, צום טאָג פון דיין גרויסער ליכטיג־קייט, אָ גאָט, צום טאָג, ווען דו וועסט ווידער קוקן אויף דיין וועלט און זאָגן: ס'איז גוט...